דר. נ. סירקין

# אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ



(צווייטע אויפלאַגע)

**פרייז 4 סענט**

דר. נ. סירקין

# אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ



ארויסגעגעבען פון

אידיש-נאַציאָנאַלען אַרבייטער פערבאַנד פון אַמעריקאַ

סעפטעמבער 1915

# פאָרוואָרט

(צו דער צווייטער אויפלאַגע)

מיט אַ געפיהל פון בעפרידיגונג בעגריסט דער פערפאַסער די ער־שיינונג פון דער צווייטער אויפלאַגע פון „דעם אידישען קאָנגרעס". די ערשיינונג פון אַ צווייטער אויפלאַגע פון אַ פובליציסטישער בראָשור אין לויף פון איייניגע חדשים איז ניט קיין זעהר אָפטיגע זאַך אויף דעם אידישען ביכער־מאַרק. דאָס אידישע פאָלק אין אַמעריקאַ האָט אין דער צונויפרופונג פון אַ אידישען קאָנגרעס אויף דעמאָקראַטישע יסודות צוליעב דעם פראָבלעם פון ארץ ישראל און גלייכבערעכטיגונג אין אַלע לענדער, דערפיהלט דעם ערשטען שריט צו דער אָרגאַניזירונג פון דער אידישער נאַציאָן צוליעב קאַמפּף פאַר בעפרייאונג און וויעדער־אויפלעבונג. די קאָנגרעס בעוועגונג האָט שוין יעצט אַרומגענומען אַלע קלאַסען און שיכטען פון פאָלק: די אָרגאַניזירטע אַרבייטער, דאָס מיטעל־קלאַס, די אינטעליגענץ, סאָציאַליסטען, שול־אידען, יוניאָן־לייט, אָר־אָדאָקסען, פרייזיניגע, א. ז. וו. יעצט מוז די קאָנגרעס־בעוועגונג ווע־רען אַ טהאַט. דער קאָנגרעס מוז צונויפגערופען ווערען, עס מוזען בעהאַנדעלט ווערען אין דער עפענטליכקייט די פראַגען פון דעם קאָנ־גרעס אַזוי ווי די פראַקטישע אינסטיטוציאָנען און אַנשטאַלטען, וועלכע דער קאָנגרעס וועט מוזען בעשאַפען. דער קאָנגרעס קען ווערן אַ דויי־ערענדע שטענדיגע אָרגאַניזאַציאָן פון אידישען פאָלק, וועלכער זאָל דורך זיין פערטרעטערשאַפט און זיינע אַנשטאַלטען אָנפיהרען און דערהויבען, רעאָרגאַניזירען און בעפרייען דאָס אידישע פאָלק. די פראָפּאַגאַנדאַ פאַר דעם קאָנגרעס בכלל איז נאָך אָבער ניט געענדיגט, און די צווייטע אויפלאַגע פון דער בראָשור: „דער אידישער קאָנגרעס" וועט האָפענט־ליך מיטהעלפען אין דיעזער וויכטיגער פראָפּאַגאַנדאַ.

דער פערפאַסער.

נויאָרק, סעפּטעמבער 1915.

עס איז בעקאַנט דיא אַלטע טרויעריגע מעשה מיט יענעם מאַן, וועלכער האָט פעררינכט דאָס דאַך פון זיין הויז אין אַ רעגענדיגען טאָג. אויף דיא פראַגע, פאַר וואָס ער אַרבייט אַרום זיין דאַך אונ־טער אַ רעגען, האָט ער געענטפערט, דאָס ביי אַ זונענשיין דארף ער דאָך דאָס דאַך בכלל ניט פאַררינכטען. אין דער לאַגע פון יענעם אונגליקליכען מאַן געפינט זיך דאָס אידישע פאָלק, וועלכעס האָט זיך ניט אָרגאַניזירט אין רוהיגערע צייטען, זאָלאַנג דיא ביטערע לעבענסנויט האָט איהם דערצו ניט געטריעבען, און וועלכעס עס קומט אויס צו זאַמלען און אָרגאַניזירען זיינע קרעפטען אין שטורם און פייער.

דיא דרייצעהן מיליאָן אידען האָבען זיך שוין לאַנג געדאַרפט אָרגאַניזירען און בעשאַפען אַ אידישע פאָלקס־פערטרעטונג, אַ אי־דישען קאָנגרעס, וועלכער זאָל זיין דער אמת׳ער פאָרשטעהער פון פאָלק, זאָל רעדען און האַנדלען אין זיין נאָמען, זאָל בעשיצען און פערבעסערען זיין געגענוואַרט און דורכפיהרען דיא בעפרייאונג פון דעם אידישען גלות־פאָלק. זייט צעהן יאָהר געהט דערפאַר אויך צ׳י אין דער אידישער עפענטליכקייט אַ דיסקוסיאָן וועגען דער צונויפ־רופונג פון אַ אידישען אַלוועלטליכען קאָנגרעס, אָבער ערשט אין דער איצטיגער קריעגס־קאַטאַסטראָפע, בשעת דער וועלט־שטורם מאַכט חרב דעם גאַנצען אידישען גלות און דאָס אידישע פאָלק פאַר־בלוטיגט פון אַלע זיינע אברים, האָט מען אָנגעהויבען פערשטעהן, ווי ווייט דיא טיעפע געפאַלענקייט פון דעם אידישען פאָלק נעהמט זיך פון זיין נאַציאָנאַלער פאַנאַנדערגעפאַלענקייט. אין שטורם און פייער קומט אונז אויס צו בויען דעם בנין פון אונזער פאָלק, און בשעת יעדעס אַנדער פאָלק שטעהט פעסט געאייניגט און אָרגאַניזירט אין קאַמפף פאַר זיין פרייהייט און אונאַבהענגיגקייט, מוזען מיר אידען ערשט לעגען דיא גרונדשטיינער פאַר אונזער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָן.

דיא וועלט־מלחמה האָט אַרויסגעשטעלט דיא היסטאָרישע נויט, דיא הילפלאָזיגקייט און צופאַלענקייט פון דעם אידישען גלות־פאָלק אויף אַ טראַגישען אופן. אזוי ווי דיא גאַנצע אידישע ליידענסגעשיכטע פאַר דיא צוויי טויזענד יאָהר פון גלות וואָלט זיך נאָך אַמאָל איבערגע'חזר'ט און אָפּגעשפּיעגעלט פאַר דאָס לעצטע יאָהר. דיא צעהן מיליאָנען אידען פון אייראָפּאַ און דער אַזיאַטישער טערקיי זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין דעם שטורם וועלט־קריעג, וועלכער איז פאַר זיי געוואָרען אַ בלוטיגער ברודער־קריעג, וואָס זיין שרעק איז אַזוי גרויס וויא זיין שאַנדע. דיא מיליאָנען אידען פון רוסלאַנד צוזאַמען מיט דיא אידען פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיען, סערביען, איטאַליען זיינען אין מלחמה־צו־שטאַנד געגען דיא מיליאָנען אידען פון עסטרייך, דייטשלאַנד, טערקיי, און הונדערט טויזענדע פון זייערע זיהן שטעהען אויף דעם שלאַכט פעלד איינע געגען דיא אַנדערע.

„דער איד האָט ניט קיין פאָטערלאַנד, נאָר אַלע איבריגע אידען זיינען דאָס פאָטערלאַנד פון יעדען איינצעלנעם איד", — איז אַ בעקאַנטעס וואָרט מכח דיא שטעלונג פון דיא אידען צווישען דיא פעלקער; און דאָך שטעהען אידען אונטער דיא פאָהנען פון זייערע פערשיעדענע פאָטערלענדער און פאַרגיעסען זייער בלוט אויף אַלע שלאַכטפעלדער. ניט צוליעב זייער פאָלק און זיין צוקונפט פאַרבלוטיגען זיי אויף דיא פערשיעדענע שלאַכטפעלדער, נאָר זיי טראָגען דיא וואָפען פאַר דעם זיעג פון לענדער און פעלקער, וועלכע האָבען געראַובט ביי זיי זייערע מענשען־רעכט, זייער פרייהייט און זייער כבוד. זיי קעמפּפען ניט פאַר אַ בעסערע צוקונפט פאַר זייער אייגענעם פאָלק, נאָר פאַרקערט אויף דעם הימעל פון דער אידישער צוקונפט קלייבען זיך אויף נאָר גרויע און פינסטערע וואָלקענס. דערווייל האָט שוין דער בלוטיגער קריעג אויסגעטיליגט הונדערטע טויזענדע מענשען, חרב געמאַכט טויזענדע קהלות, פעראָרעמט מיליאָנען פון אידען. אין טראַגישער פערצווייפלונג שטעהט דאָס פאַרבלוטיגטע אידישע פאָלק אין דעם מלחמה־שטורם אָהן נאַציאָנאַלע ליידענשאַפט אין האַרצען, אָהן אַ נאַציאָנאַלע האָפנונג פאַר

זיין צוקונפט, מיט הילפלאָזע גלייכגילטיגקייט אין דעם גרויסען פעלקער־קאמפף, אָהן וועלכע עס איז אָרגאַניזאַציאָן און פערטרע־טונג, אָהן אַ ווילען און אָהן פאָדערונגען, נאָר אַן אונגליקליכער קרבן אויף דעם בלוטיגען מזבח פון דער וועלטגעשיכטע.

פון אַלע קלאַסען און פּארטייען פון אידישען פאָלק האָט אָבער ריא לעצטע צייט אָנגעהויבען צו קלינגען אַ קול פאַר א אידישע נאַציאָנאַלע טהאַט, אַ קול פאַר פעראייניגונג, פאַר אַ אידישען קאָנגרעס. דיא אידישע עפענטליכע מיינונג, דיא פּרעסע, דיא פערשיעדענע אָרגאַניזאַציאָנען, פון דיא קאָנסערוואַטיווע ביז צו דיא ראַדיקאַלע און נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע האָבען זיך אויפגעהויבען צו דעם ווילען צונויפצורופען אַ אידישען קאָנגרעס וועלכער זאָל לעגען דעם יסוד צו אַ אידישער פאָלקס־אָרגאַניזאַציאָן. דער־וויל ווערט גערעדט, פערשטעהט זיך, נאָר פון א אידישער פאָלקס־אַרגאַניזאַציאָן און א אידישען קאָנגרעס אין אַמעריקאַ, אָבער עס פערשטעהט זיך ניט וויניגער, דאָס דיעזער אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ איז נאָר דיא פאָרבערייטונג צו אַן אַלוועלטליכען אי־דישען קאָנגרעס, וועלכער קען ווערען אַ דויערענדע אידישע פאָלקס־פערטרעטונג צוליעב אַלע צייטווייליגע נויטען און היסטאָרישע ציעלען פון אידישען פאָלק, צוליעב דער וויעדערגעבורט פון דער אידישער נאַציאָן.

אויף דאָס אַמעריקאַנער יודענטום, וועלכעס געפינט זיך יעצט אין אַ גליקליכערער לאַגע, איידער דיא איבריגע אידען פון דער וועלט, פאַלט יעצט דער הייליגער חוב און דער היסטאָרישער כבוד, צו בעשאַפען אַ נייע טהאַט אין דעם אידישען לעבען און צו שרייבען אַ גרויסען קאַפּיטעל אין דעם בוך פון בלוט און טרערען פון דער אידישער געשיכטע. דאָס אַמעריקאַנער יודענטום מוז צונויפרופען דעם ערשטען אידישען קאָנגרעס, וועלכער וועט בע־קומען אין דער אידישער געשיכטע דיא בעדייטונג פון אַ אידישער קאָנסטיטואירענדער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג. דיעזער אַמעריקאַניש־אידישער קאָנגרעס וועט האָבען דריי היסטאָרישע אויפגאַבען פאַר

זיך. ער וועט מוזען פּראָקלאַמירען דיא פאָדערונגען פון דעם אי־דישען פאָלק פאַר דער גאַנצער מענשהייט, ער וועט לעגען דעם יסוד פאַר דיא אַלוועלטליכע אָרגאַניזאַציאָן פון דעם גאַנצען אידי־שען פאָלק, און ער וועט מוזען בעשאַפען אַ פינאַנץ־אינסטיטוט פאַר דיא נויטען פון אידישען פאָלק.

מיט דער וועלט־מלחמה פערענדיגט זיך איין קאַפּיטעל פון דער וועלט־געשיכטע און עס וועט זיך אָנהויבען אַ נייע צייט אין דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. כדי עס זאָל בעשאַפען ווע־רען אַ דויערנדער פריעדען און דיא געפאַהר פון מלחמה זאָל בכלל פערשווינדען, מוזען דיא לענדער פון אייראָפּאַ איבערגעבויט ווע־רען אויף דעם פּרינציפּ פון פרייע נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטיען. דיא אידעע פון דעמאָקראַטיע און פרייער נאַציאָנאַליטעט מוזען טריאומ־פירען אין דער וועלט, אויב דיא מענשהייט זאָל בעפרייט ווערען פון דיא שרעקען פון קריעג, און איהרע לעבענסקרעפטען זאָלען ניט פערניכטעט ווערען אין אייביגען פעלקער־מאָרד. נאָך דער מלחמה וואַקסען אַרויס מעגליכקייטען פאַר אַ פרייעס פּוילען, אַ פערגרעסערטעס איטאַליען, אַ פערשטאַרקטעס סערביען, דיא פעל־קער פון עסטרייך וועלען דאַרפען זעלבסט בשטימען זייער נאַציאָ־נאַלען שיקזאַל. אין רוסלאַנד קענען דיא קליינרוסען, דיא ליטאָוו־צעס אָנהויבען אַ מעכטיגע נאַציאָנאַלע בעוועגונג, אין ווייטען אַזיען קען זיך אויפהויבען אַ בעפרייטעס אַרמעניען. דיא לאַנד־קאַרטע וועט מוזען געענדערט ווערען, און אַ נייער גייסט פון דע־מאָקראַטיע און בעפרייאונג מוז אָנהויבען שוועבען אין דער וועלט.

אזוי ווי אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רע־וואָלוציאָן האָט דאָס אויפגערודערטע געוויסען פון דער צייט ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג צו דער אידישער נויט און האָט גע־געבען אידען גערעכטיגקייט, אזוי וועט דיא אויפוואַכענדע דעמאָ־קראַטיע פון דער וועלט נאָך דער מלחמה בעשאַפען דעם גרויסען היסטאָרישען מאָמענט פאַר דיא לעזונג פון דער אידישער פראַגע.

פון אידען הענגט עס יעצט אָב, ווי ווייט און ווי ערנסט דער אינ־
טערנאַציאָנאַלער פריעדענס־קאָנגרעס וועט זיך בעשעפטיגען מיט
דער לאַגע פון אידען אין דער וועלט און מיט דער אידישער נאַציאָן,
פון וועלכער דיא געשיכטע פון דער מענשליכער געוואַלט־טעטיג־
קייט האָט גערויבט דיא פרייהייט און דיא נאַציאָנאַלע זעלבסט־
שטענדיגקייט. אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלען פריעדענס־קאָנגרעס
וועט מוזען קומען צו פערהאַנדלונג אויך דיא אידישע פּראָבלעם.
דער און דאָס רעכט פון דעם אידישען פאָלק אויף אַ אידישע היים
דיא רעכטליכע לאַגע פו אידען אין דיא מזרח־אייראָפּעאישע לענ־
אין ארץ ישראל, דיעזע צוויי צווייגען פון דעם פּאָליטישען אידישען
פּראָבלעם קענען אויף דעם פריעדענס־קאָנגרעס אויפגענומען ווע־
רען. דאָס הענגט אָבער אָב קודם כל פון דעם אָרגאַניזירטען ווי־
לען פון דעם אידישען פאָלק זעלבסט.

נאָך דעם אבשלוס פון דעם קריעג וועט מוזען דיא רעכטליכע
לאַגע פון אידען און דאָס פּראָבלעם פון דער אידישער נאַציאָן קומען
צו פערהאַנדלונג אויך אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטי־
שען קאָנגרעס. דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער
שטעהט יעצט אויף דיא שלאַכטפעלדער אין בלוטיגען ברודער־
קריעג, וועט זיך מוזען ווידער פעראייניגען, שטאַרקער אין פּאָלי־
טישער מאַכט און רייכער מיט בלוטיגע היסטאָרישע ערפאַהרונגען.
ווי דיא סאָציאַליסטען אין אַלע לענדער זיינען יעצט ניט צוריסען
און צושפּאָלטען אין זייער האַלטונג און זייער בעאורטיילונג פון
דער מלחמה, מוזען זיי דאָך באַלד ארויפטרעטען אויף דעם וועג
פון איינהייטליכקייט צוליעב דעם ציעל פון סאָציאַלער רעוואָלו־
ציאָן. דער נייער אינטערנאַציאָנאַל קען נאָך ווערען אַ שטאַרקע־
רער פאַקטאָר אין דעם גאַנג פון דער געשיכטע, איידער דער אינ־
טערנאַציאָנאַל פאַר דער מלחמה. דער ערשטער נייער שריט פון
דעם אינטערנאַציאָנאַל וועט מוזען זיין דיא שטעלונג צו אַלע
נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען אין דער וועלט און דיא פּראָקלאַמירונג און
דיא פערטהיידיגונג פון דעם פרינציפּ פון נאַציאָנאַלער פרייהייט
און טעריטאָריאַלער זעלבסטשטענדיגקייט פון אַלע פעלקער. אויף

דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס קען אויך ווע־
רען אַן עפענטליכע טריבונע פאַר דאָס אונטערדריקטע אידישע
פאָלק, פאַר זיינע נויטען און זיינע האָפנונגען, און דער בעשלוס
פון אינטערנאַציאָנאַל וועט אויך מוזען האָבען אַ גרויסען כח און אַ
ענטשיידענדען איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דיא געשעהעניסען
אין דער צוקונפט.

אַ אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ וועט האָבען אַלס זיין
אויפגאַבע דיא פאָרמולירונג פון דיא אידישע נויטען, באַגעהרונגען
און האָפנונגען הן צו דעם אינטערנאַציאָנאַלען פריעדענס־קאָנגרעס
און הן בנוגע צו דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנ־
גרעס. דאָס אידישע פאָלק מוז לכתחילה זעלבסט קומען צו אַ קלאַ־
רען בעוואוסטזיין, וואָס עס באַגעהרט און וויל און אין וועלכען אופן
עס וויל בילדען און געשטאַלטען זיין צוקונפט. דיעזע פאָדערונגען
וועלען דירעקט אָדער אינדירעקט געפינען זייער אויסדרוק אויף
דעם פריעדענס־קאָנגרעס אַזוי ווי אויף דעם סאָציאַליסטישען אינ־
טערנאַציאָנאַל.

פאַר דעם פריעדענס קאָנגרעס וועט אַן אַמעריקאַניש־אידישער
קאָנגרעס קענען יעדענפאַלס פאָרברייננגען זיינע בעשליסען און פאָ־
דערונגען דורך דיא פערמיטלונג פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציאָן.
אַ קאָנגרעס פון דעם אַמעריקאַנער יודענטום וואָלט געוואָרען אַ גע־
נוג בעדייטענדער פאָליטישער און געזעלשאַפטליכער פאַקטאָר אין
אַמעריקאַ גופא, דאָס דיא אַמעריקאַנער רעגיערונג וואָלט פערטרע־
טען זיינע ווינשען און בעשליסען, אָדער ווייניגסטענס דאָס מיני־
מום פון זיינע ווינשען און בעשליסען בנוגע צו דער לאַגע פון אידען
אין דיא מזרח־אייראָפעאישע לענדער און בנוגע צו ארץ ישראל.
דיא בעשליסען פון אַ אידיש־אַמעריקאַנישען קאָנגרעס וואָלטען
צום ערשטען מאָל אויפגעקלערט דיא עפענטליכע מיינונג פון דער
גאַנצער וועלט וועגען דיא נויטען און דיא פאָדערונגען פון דעם
אידישען פאָלק און וואָלטען געקענט ווערען אין אַ בעשטימטען מאָס
דער אויסגאַנגספונקט פאַר דיא דיסקוסיאָן וועגען דער אידישער
פראַגע אויף דעם פריעדענס־קאָנגרעס.

אָבער מעהר איידער דער אַמעריקאַניש־אידישער קאָנגרעס וועט קענען אויסדריקען דיא ווינשען און האָפנונגען פון דעם אידישען פאָלק פאַר דעם פריעדענס־קאָנגרעס וועלען זיינע בעשליסען האָבען אַ ווערטה און אַ בעדייטונג פאַר דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער וועט מוזען נעהמען אַ גערעכטע און זיכערע שטעלונג צו דער איבעראַנדערשונג פון דער אייראָפּעאישער לאַנדקאַרטע און וועט פּראָקלאַמירען דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער פרייהייט און טעריטאָריעלער אונאַבהענגיגקייט פון דיא פעלקער, וועט בעקומען אַ פיעל גרעסערע ווירקונג אויף דעם ווייטערדיגען גאַנג פון דיא פּאָליטישע געשעהעניסען, איידער פאַר דער מלחמה. דיא בעשליסען פון אַן אַמעריקאַניש־אידישען קאָנגרעס בנוגע צו דעם אידישען פּראָבלעם וועלען פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל דיענען אַלס דער קול פון דעם אונטערדריקטען אידישען פאָלק. אין נאַציאָנאַלע פראַגען האָט דיא שטימע פון פּראָלעטאַריאַט נאָר אויף אַזוי פיעל ווערטה, אויף ווי פיעל זי איז אין איינקלאַנג מיט דעם נאַציאָנאַלען באַגעהר און דער האָפנונג פון דער נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטיע, פון דיא ברייטע פאָלקסמאַסען. ביי אַלע אונטערדריקטע פעלקער איז אויך דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דעם סאָציאַליסטישען פּראָלעטאַריאַט אַן אָבקלאַנג פון דיא נאַציאָנאַלע שטימונגען, האָפנונגע און פערלאַנגען פון דעם ברייטען פאָלק. דיא אונאַבהענגיגקייט פון פוילען, דיא זעלבסטשטענדיגקייט פון אַרמעניען, דיא קולטור־שפּראַכליכע אויטאָנאָמיע פון בעהמען, פאַר וועלכע עס האָבען זיך איינגעשטעלט דיא סאָציאַליסטען פון יענע לענדער, זיינען ווינשען און פערלאַנגען, וועלכע שטאַמען פון דעם פּולסירענדען האַרץ פון יענע פעלקער. נאָר אַזאַ אויפפאַסונג פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען פּראָבלעם מצד דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכע שטימט איבעריין מיט דיא ווינשען און האָפנונגען פון ברייטען פאָלק, האָט אַ אינווענדיגע בערעכטיגונג און אַ היסטאָרישען ווערטה. דיא פאָדערונגען פון אַ דעמאָקראַטיש אויסגעקליבענעם אידישען קאָנגרעס אין אַמעריקאַ בנוגע צו דעם אידישען פאָלק וועלען מוזען ווערען דיא גרונדלאַגע פאַר אַן ערנסטע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דעם אידישען סאָציאַליזם. נאָר דיא נאַציאָנאַלע

ווינשען, וועלכע שטראָמען פון דיא מאַטעריעלע און גייסטיגע נויטען און דיא היסטאָרישע האָפנונגען פון פאָלק און וועלכע וועלען אָבקלינגען אין דעם נאַציאָנאַלען פראָגראַם פון דעם אידישען פראָלעטאַריאַט, וועלען קענען האָבען פאַר דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל אן אַלגעמיינעם ווערטה און היסטאָרישע זיכערקייט. נאָר אַ זעלכע אמת׳ע און אויפריכטיגע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט וועט אויף דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל אַרויפלעגען אַ חוב בנוגע צו דעם נאַציאָנאַלען שיקזאַל פון אידישען פאָלק.

אַ אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ, וועלכער זאָל צונויפגערופען ווערען אין יעצטיגען קריטישען מאָמענט, וועט בעקומען אַ גרויסע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע בעדייטונג, הן אין דעם אידישען פאָלק גופא, און הן אויף דעם פריעדענס־קאָנגרעס און דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל. צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון גלות וועט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק זיך אָנהויבען צו אָרגאַניזירען, וועט אַרויסטראָגען זיין אורטהייל מכח זיך זעלבסט, וועט בעקלערען זיינע נויטען, וועט פאָרמולירען זיינע ווינשען און האָפנונגען, און וועט דערהויבען זיין אונטערדריקטען קול, וועלכער וועט געפינען זיין אָבקלאַנג אין דעם געוויסען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער דעקמאָקראַטיע.

2.

דער אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ וועט זיך פּראָקלאַמירען אַלס דיא אידישע פערטרעטונג, וועט פאָרמולירען פאַר דאָס אידישע פאָלק און דיא אויסערע וועלט דיא ווינשען און באַגעהרונגען פון דעם אידישען פאָלק און וועט אָנהויבען בעשאַפען דיא אינסטיטוטען און אַנשטאַלטען פאַר דעם היסטאָרישען ווידער־בוי פון דעם אידישען לעבען.

וואָס זיינען דיא פאָדערונגען פון דעם אידישען פאָלק פאַר דער נייער עפענטליכער מיינונג, פאַר דעם דערוואַכטען געוויסען פון

די פעלקער? די ערשטע פאָדערונג איז די בירגערליכע גלייכ־
בערעכטיגונג פון אַלע אידען אין אַלע לענדער. די בערויבונג פון
די פאָליטישע רעכט פון אידען שטאַמט פון דער מיטעלאַלטערלי־
כער באַרבעריי און דעם קאַמפּף פון די רעאַקציאָנערע כחות געגען
די פרייע און פּראָגרעסיווע אין דער מאָדערנער צייט. געגען
דיזע בירגערליכע רעכטלאָזיגקייט פון אידען דאַרף דאָס אידישע
פאָלק אויפהויבען דעם קול פון פּראָטעסט און דערוועקען די
עפענטליכע מיינונג פון דער וועלט געגען דיזען אונרעכט. עס
שטימט ניט מיט דעם גייסט פון דער צייט און דעם דעמאָקראַטי־
שען כאַראַקטער פון די היינטיגע מלוכות, דאָס אַ קליין פאָלק
פון אַ מינאָריטעט זאָל צוליעב זיין רעליגיאָן, זיין ראַסע, זיינע
אייגענטימליכקייטען בערויבט ווערען פון די אלגעמיינע מענשען־
רעכט. די רעכטלאָזיגקייט פון אידען איז אַ דונקעלער פלעק אויף
דעם געוויסען פון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענשהייט. פון דער
טריבונע פון אַ אידישען קאָנגרעס מוז זיך דערהערען די פּראָטעס־
טירענדע שטימע פון דעם אידישען פאָלק און זיין אויפרוף צו דער
מענשהייט.

אַלע טענות פון די שונאים פון אידען און די וויסענשפט־
ליכע אַנטיסעמיטען, דאָס די אידען קענען אונטער גלייכבערעכ־
טיגונג פאַרנעהמען דאָס לאַנד און ווערען אַ הערשענדער עלעמענט
אין דער געזעלשאַפט, זיינען ווערטלאָז און אונבערעכטיגט. דער
הבה נתחכמה פון די שונאים פון אידען איז אַ פערברעכערישע
פערגוואַלטונג פון דער מאַיאָריטעט געגען די פרעמד־נאַציאָנאַלע
מינאָריטעט, אויס ניעדערטרעכטיגען שרעק און קנאה פאַר דער
העכערער סאָציאַלער און קולטורעלער קוואַליטעט פון דעם אידי־
שען פאָלק. די היינטיגע געזעלשאַפט, וועלכע איז אויפגעבויט אויף
אינדיווידועלע קאָנקורענץ און אויף געגענזייטיגען קאַמפּף, האָט
ניט קיין רעכטליכע און מאָראַלישע בעגרינדונג פאַר די בירגער־
ליכע רעכטלאָזיגקייט פון אַ פאָלק, ווייל עס האָט שטאַרקערע כחות
און מעגליכקייטען אויף דעם פעלד פון אינדיווידועלער קאָנקורענץ.
געגען דיזיגע אונרעכט בנוגע צום אידישען פאָלק, וועלכעס איז אַ

שפּאַט און געלעכטער פון דער גאַנצער קולטור, מוז דאָס אָרגאַני־
זירטע אידישע פאָלק אויפהויבען זיין שטים און מוז מוטיג און
זיכער פאָדערען פון אַלע דעמאָקראַטישע פעלקער אַזוי ווי אויך פון
דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם אמת און גערעכטיגקייט.

דאָס אידישע פאָלק איז אָבער נאָר אַ מהנה אידען, וועלכע
האָט זיך נאָך ניט אויפגעלעזט אין דער אַרומיגער וועלט, עס איז
אַ פאָלק מיט אַ נאַציאָנאַלען אנבליק, מיט נאַציאָנאַלע אינטערעסען
און טיעף פערבאָרגענע נאַציאָנאַלע האָפנונגען, וועלכע האָבען זייערע
וואָרצלען אין דיא נויטען פון לעבען און דיא היסטאָריש־קולטורעלע
אוצרות פון דער נאַציאָן. דאָס אידישע פאָלק אין גלות וויל אָנ־
האַלטען און ווייטער אויסבילדען זיין נאַציאָנאַלען לעבען, ווייטער
וועקען זיין נאַציאָנאַלע ענערגיע, ווייטער ענטוויקלען זיין שעפּפע־
רישען געגענווערטיגען לעבען, אַקוראַט ווי אַלע בעהאַלטענע כחות
פון פאָלק, וועלכע שאַפען און בעשטימען דיא צוקונפט. גראַד אין
דער מאָדערנער צייט, ווען דיא פאָלקסמאַסען זיינען אריינגעצויגען
געוואָרען דורך דעם סאָציאַליזם אין דאָס פּאָליטישע און קולטורע־
לע לעבען און דער ציוניזם האָט אָנגעהויבען וועקען ביים אידישען
פאָלק דאָס העכסטען נאַציאָנאַלען ווילען, אין דער מאָדערנער צייט
האָט זיך ביי אידען אָנגעהויבען צו שטאַרקען דער רצון צו ענט־
וויקלען אייגענע נאַציאָנאַלע לעבענס־פאָרמען אין גלות. אומעדום
איז אַרויסגעוואַקסען דאָס פערלאַנגען צו אָרגאַניזירען דיא אידישע
געמיינדען אויף דעמאָקראַטישע יסודות, צו ענטוויקלען אַ פּראָגרע־
סיווען נאַציאָנאַלען קולטור־לעבען אין פאָלק, איינצופיהרען העב־
רעאיש און לערנען אידיש אין דיא שולען און דערהויבען זיי צו
דער מדרגה פון קולטורעל־נאַציאָנאַלע שפּראַכען אין דער שולע און
אין לעבען. גראַד צווישען דיא פאָלקסמאַסען און דעם פּראָלעטאַ־
ריאַט איז בעזונדערס דערוואַכט געוואָרען דער באַגעהר נאָך אַ נאַ־
ציאָנאַלען לעבען, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאָדע־
רונג פון נאַציאָנאַלע רעכט פון דער מלוכה ביז צו דעם פונקט
פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

דיא ענטשיידונג וועגען דעם אינהאַלט פון אַ אידישער נאַ־ציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע אין גלות, וועגען איהר מעגליכ־קייט אָדער אונמעגליכקייט, דאַרף איבערגעלאָזען ווערען דער צו־קינפטיגער ענטוויקלונג. אַ געוויסער סכום פון נאַציאָנאַלע רעכט און פרייהייטען דאַרף אָבער יעצט שוין גאַראַנטירט ווערען צו דיא אידען פון רוסלאַנד, פוילען, עסטרייך, רומעניען, דיא באַלקאַן־לענדער, אומעדום וואו אידען פיהרען אַן אייגענאַרטיגען נאַציאָ־נאַלען לעבען. זיי דאַרפען האָבען דאָס רעכט און דיא מעגליכקייט צו אָרגאַניזירען דיא אידישע געמיינדע אויף דעמאָקראַטישע יסודות, און דיזע געמיינדע דאַרף אפשר אויך בעקומען אַ צוואַנגס־כאַראַקטער, אַזוי ווי דיא אידישע געמיינדע אין דייטשלאַנד. דיא אידישע געמיינדע וועט אַריינגעהמען אין דעם קרייז פון איהר ארבייט פערשיעדענע טעטיגקייטס־צווייגען, נאַציאָנאַלע, קולטורע־לע, סאָציאַל־פילאַנטראָפישע, אין וועלכע דיא אידישע בעפעלקע־רונג נויטיגט זיך. קלובען, נאַציאָנאַל־קולטורעלע פעראיינען צוליעב פערברייטונג פון נאַציאָנאַלער בילדונג, קראַנקען־הייזער, אונטער־שטיצונגס־אַנשטאַלטען, שטאָדטישע קירכען, לייה־קאַסען, קאָאָפּע־ראַטיווע הייזער, ערציהונגס שולען א. ז. וו. דאָס זיינען מעגליכע טעטיגקייטען פאַר אידישע געמיינדען לטובת פון דער ברייטער פאָלקסמאַסע. דערצו מוזען אָבער אידען האָבען ברייטע נאַציאָ־נאַלע רעכט, וועלכע זאָלען זיי גאַראַנטירען דיא פרייהייט פון שפּראַך און נאַציאָנאַלע אייגענאַרטיגקייט און דיא מעגליכקייט צו אָרגאַניזירען דיא געמיינדע.

אַן אַמעריקאַנער־אידישער קאָנגרעס האָט נאָך אַן אַנדער פאָ־דערונג, וועלכע איז מעהר נוגע צו אַמעריקאַ אײדער אייראָפּאַ, און דאָס איז דיא פאָדערונג פון פרייער איינוואַנדערונג פאַר אַלע פעל־קער און ממילא פאַר אידען. פרייע איינוואַנדערונג אין אַמעריקאַ איז אַ לעבענס־נויטווענדיגקייט פאַר דאָס אידישע פאָלק, אפילו ווען עס זאָל בעקומען פּאָליטישע גלייכבערעכטיגונג אין אַלע לענדער. בפרט אָבער ווען דער רוף פון אידען פאַר בירגערליכע רעכט או־מעדום איז דערוויייל נאָר אַ מאָראַלישער פּראָטעסט, אַ אויפרוף

צו דער מענשהייט, צו דעם געוויסען פון דיא פרייע פעלקער. נאך דעם קריעג, ווען עס קען זיך אנהויבען א נאציאנאלע אויפלעבונג און איבערבויאונג אין פוילען, רוסלאנד, עסטרייך, רומעניען, אויף דעם באלקאן, וועלען זיך נאך פארשארפען דיא געגענזעצען צווישען דיא פרעמדע סביבות און דיא אידען. דער עקאנאמישער און סאציאלער דורק אויף אידען אין מזרח־אייראפא, בעזונדערס דער באיקאט, וועלען ווערען א מעכטיגער וואפען אין דיא הענד פון דיא ארומיגע פעלקער געגען אידען. אפילו אויב אונטער דעם איינפלוס פון דיא דעמאקראטישע מלוכות און אונטער דער ווירקונג פון דעם אינטערנאציאנאלען סאציאליזם זאל אין א געהויבענעם היסארישען מאמענט פראקלאמירט ווערען דיא בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פון אידען, וועט אבער דער סאציאלער און עקאנאמישער געגענזאץ געגען זיי ניט פאלען, נאר פערקעהרט, שטייגען. דיא אויסוואנדערונג אין אמעריקא, וועלכע געהט יעצט אפילו אן פון פרייען גאליציען לפי ערך אין א גרעסערער פראפארציאן איידער פון דעספאטישען רוסלאנד, וועט געכער ווערען גרעסער איידער קלענער. יע, עס איז לייכט מעגליך, דאס דיא מאסען־אויסוואנדערונג וועט ווערען דיא איינציגע רעטונג פאר אידען, אויב דער גאנג פון דער געשיכטע וועט נעהמען אן אנדער ווענדונג, און דער נאציאנאלער קאמפף און געגענזאץ וועט ווייטער פלאקערן אין דיא מלוכות. דער אידישער קאנגרעס וועט מוזען אויפהויבען זיין קול פאר דיא פרייע איינוואנדערונג אין אמעריקא, אין נאמען פון דעם פרינציפ בכלל און אין נאמען פון דיא לעבענסנויטען פון דער אידישער וואנדערנדער פאלקמאסע. דיעזער רוף פאר פרייע איינוואנדערונג איז אין גייסט פון דיא דעמאקראטישע פרינציפען און מלוכה־אידעען, אויף וועלכע דער אינטערנאציאנאלער פריעדענס־קאנגרעס וועט זיך מוזען שטיצען אין אלע זיינע דיסקוסיאנען און בעטראכטונגען. פרייע־איינוואנדערונג איז אבער אן אלטער פרינציפ פון אינטערנאציאנאלען סאציאליזם, א פרינציפ, וועלכער איז אבער אין דיא לעצטע יאהרען דורך פראקטישע ארבייטער־פאליטיק און נאכיאגען נאך פארלאמענטארישער מאכט און ארבייטער־שטימען אבגעשוואכט געווארען אין דעם אמעריקאנעם סאציאליזם.

דע־פאַר איז דאָס אַ דאָפּעלטע נויטווענדיגקייט און אַ דאָפּעלטער הוב זייטענס אַ אידישען קאָנגרעס ארויסצושטעלען דיא פאָדערונג פון פרייער איינוואַנדערונג.

עס בלייבט אָבער נאָך דיא גרעסטע און היסטאָריש וויכטיג־סטע פאָדערונג, וועלכע א אידישער קאָנגרעס דאַרף מאַכען פאַר דער גאַנצער וועלט און בעזונדערס פאַר דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, און דאָס איז דיא בעגרינדונג פון אַ פרייער אידישער נאַציאָן אין ארץ ישראל. בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג, נאַציאָנאַלע רעכט, פרייע איינוואַנדערונג זיינען נויטיג פאַר אידען, זאָלאַנג דאָס אידישע פאָלק איז אין גלות, זאָלאַנג עס איז א צוזייטע און צושפּרייטע נאַציאָנאַלע מינדערהייט צווישען פרעמדע און פיינדליכע פעלקער. דאָס אידישע גלות־פאָלק דאַרף פאָדערען פרייהייט און גערעכטיגקייט פון דער וועלט. אָבער דיא גרעסטע היסטאָרישע שקלאַפעריי און היסטאָרישע אונגערעכטיגקייט איז דער גלות זעלבסט. דער גלות איז דיא אורזאַכע פון דער אייביגער אידישער נויט, פון דער אייביגער סתירה צווישען דער וועלט און דעם אידישען פאָלק, פון דעם אידישען פּראָבלעם, וועלכעס געפינט ניט קיין לעזונג אין דער וועלט. ווען עס זאָל אַפילו געגעבען ווע־רען צו אידען רעכט און גערעכטיגקייט אין דער גאַנצער וועלט, האָט דאָס אידישע פאָלק זיך דאָך ניט אויפגעהויבען צו דער מדרגה פון אַ פרייען און זעלבסטשטענדיגען פאָלק און עס שטעהט דאָך אין זיין גאַנצען לעבען ביי דעם אָבגרונד פון אייביגע געגענזע־צען און טראַגישע ווידערשפּרוכען. דיא בעשאַפונג פון אַ פרייער אידישער נאַציאָן איז דיא גערעכטיגסטע און פּראָגרעסיווסטע לעזונג פון דער אידישער פראַגע, דיא לעזונג, וועלכע איז אין איינקלאַנג מיט דעם דעמאָקראַטישען און נאַציאָ־נאַלען פּרינציפּ אין דער געשיכטע און מיט דיא גרונדאידעען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם.

עס זיינען אָבער אויך פאַראַן אונמיטעלבארע סאָציאַל־עקאָנאָ־מישע נויטען, אויף וועלכע אַ מאַסען־קאָלאָניזאַציאָן אין פּאַלעס־

טינאַ, סיריען, מעסאָפּאָטאַמיען, איז אַן ענטפער און וואָס דערפאַר מוז דיא מאַסען קאָלאָניזאַציאָן פון ארץ ישראל יעצט שוין ווערען א וויכטיגער טייל פון דער אידישער רעאַלפּאָליטיק. דער נצחון פון דער דעמאָקראַטישער אידעע אין דער וועלט נאָך דער מלחמה און דיא פערשטאַרקונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם קענען געבען דעם אידישען פאָלק אין דער וועלט א גרויסע מאָראַלישע שטיץ, בשעת פאַקטיש זאָל זיך דיא לאַגע פון אידען, וועלכע הענגט אָב פון סאָציאַלער, נאַציאָנאַלער, עקאָנאָמישער און קולטור־רעלער קאָנקורענץ נאָך פערשאַרפען. בעזונדערס אָבער ווען דיא פרייע איינוואַנדערונג אין אַמעריקאַ זאָל דאָך בעשרענקט ווערען דורך פערשיעדענע סבות, אזוי דאָס דיא לעצטע עקאָנאָמישע הילף פאַר אידען וועט פערשווינדען. דיא מאַסען־איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציאָן פון ארץ ישראל זיינען דערפאַר ניט נאָר א פּאָליטישער, סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער שטערן אויף דעם דונקלען הימעל פון דער גלות־עקזיסטענץ, נאָר זיא קען אויך ווערען שוין יעצט א גרויסע סאָציאַל־עקאָנאָמישע ערלעזונג און דערהויבונג פאַר דיא אידישע פאָלקסמאַסען.

וויא דיא וועלט־מלחמה זאָל זיך ניט ענדיגען, וועט זיך אונטער אַלע פעלען אָנהויבען אין מערב־אַזיען אַן עפּאָכע פון פּאָליטישען און עקאָנאָמישען פּראָגרעס. אין פּאַלעסטינאַ, סיריען, מעסאָפּאָ־טאַמיען קענען זיך עפענען גרויסע קאָלאָניזאַציאָנס־מעגליכקייטען פאַר מיליאָנען מענשען. יענע געגענדען פון מערב־אַזיען קענען ערנעהרען צעהנדליגע און צעהנדליגע מיליאָנען מענשען, ווען קאַ־פּיטאַל און ציוויליזאַציאָן זאָלען דאָרט בעשאַפען דיא נויטיגע פאָר־בעדינגונגען פאַר איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציאָן. שוין פאַר דער מלחמה, בשעת דאָס לאַנד איז נאָך געווען פּאָליטיש אונזיכער, האָבען אָנגעהויבען איינצוואַנדערן אין דיא לעצטע יאָהרען אין פּאַלעסטינאַ טויזענדע אידען פון פערשיעדענע קלאַסען. עס איז אָנגעגאַנגען אין ארץ ישראל א פיעבערהאַפטע קאָלאָניזאַציאָנס טעטיגקייט און קולטור־אַרבייט, בשעת דיא פאַרבערייטונגען און דיא אָרגאַניזאַציאָן פון אידען אין אַלע לענדער צוליעב קאָלאָניזאַ־

ציאָן אין פּאַלעסטינאַ זיינען פּאַראיינס געשטיעגען. נאָך דער מלחמה וואָלטען הונדערטער טויזענדע אידען אַ יאָהר געקענט איינ־וואַנדערן אין פּאַלעסטינאַ און מעסאָפּאָטאַמיען, דאָרט איבערגעהן צו פּראָדוקטיווער־אַרבייט, דאָרט בעשאַפען סאָציאַל העכערע קאָאָ־פּעראַטיווע פאָרמען פון לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע און דערוועקען אַן אָריגינעלע שעפּפערישע אידישע קולטור. ניט נאָר אין פערבינדונג מיט דער אידעע פון אַ זעלבסטשטענדיגער אידי־שער נאַציאָן נאָר פון שטאַנדפּונקט פון דיא מאַטעריעלע און גייס־טיגע אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק אין דער געגענוואַרט שוין, האָט אַזאַ מאַסען־קאָלאָניזאַציאָן פון אידען אין פּאַלעסטינאַ דעם העכסטען סאָציאַלען ווערט. אַ אידישער קאָנגרעס וועט דער־פאַר מוזען פּראָקלאַמירען דיא פאָדערונג פון דעם אידישען פאָלק אויף אַ היים אין ארץ ישראל. און אפשר וועט דוקא דיעזע פאָדע־רונג פון דעם אידישען קאָנגרעס, וועלכע וויל פערמיידען דיא געגענ־זעצען און סתירות צווישען אידען און דער אַרומיגער וועלט און געבען דער אידישער געשיכטע אַ נייע ווענדונג, אפשר וועט דיעזע פאָדערונג געפינען דעם אויפריכטיגסטען און טיעפסטען אָבקלאַנג ביי דער גאַנצער פּראָגרעסיווער מענשהייט?

א קאָנגרעס פון דיא אַמעריקאַנער אידען, וואָרום דערוויל קען זיך נאָר האַנדלען וועגען אַזאַ קאָנגרעס, וועט אַלזאָ פאָרמולירען דיא פערשיעדענע אידישע נויטען, וועט אַרויסשטעלען דיא פאָדע־רונגען פון דעם אידישען פאָלק פאַר דער גאַנצער דעמאָקראַטיע און דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם. צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון דעם אידישען גלות וועט דערקלינגען דער צאָרניגער און מוטיגער קול פון דעם אונטערדריקטען אידישען פאָלק אין דער וועלט. אויב אַ נייער פּרינציפּ פון גערעכטיגקייט, פרייהייט, פריעדען, נאַציאָנאַלער אונאַבהענגיגקייט און דעמאָקראַטיע ווערט פּראָקלאַמירט אין דער וועלט, דאַן מוז דיעזער פּרינציפּ זיין אַן אַלגעמיינער, אַ אוניווערסעלער, מוז ער אָנגעווענדעט ווערען אויף אַלעס, וואָס טראָגט דעם עבענבילד פון אַ אונטערדריקטען פאָלק אין דער געשיכטע. אויב דער נייער פּרינציפּ פון בעפרייאונג און

גערעכטיגקייט וועט אויסלאָזען דאָס מערקווירדיגע אידישע פּאָלק, וועט איהם ניט געבען קיין גערעכטיגקייט אין דער וועלט, דאַן האָט זיך דיא וועלט ניט בעגייט און האָט זיך ניט אויסגעלייטערט מאָראַליש אין דיא ימים פון בלוט און דיא פלאַמען פון פייער, וועלכע האָבען זיך אויסגעגאָסען אויף דער ערד. ליגען און עגאָאיסטישע פּאַלשקייט וואָלט דאַן געווען דיא איירָאָפּעאישע דעמאָקראַטיע, דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל, דיא ווערטער פון בעפרייאונג און גערעכטיגקייט אין דער וועלט, ווען דעם אידישען פּאָלק ווערט ניט געבראַכט קיין בעפרייאונג און ניט געגעבען קיין גערעכטיגקייט. דאָס אָנצוזאָגען דער וועלט און אַרויסצופאָדערען דיא מענשהייט צו אַ תשובה פאַר דיא טויזענדפאַכע נויט און דאָס לייד פון דעם אַלטען פּאָלק ישראל, אָט דאָס איז דער זין און דער ווערטה פון אַ אידישען קאָנגרעס אַלס אַ גרויסע אידישע דעמאָנסטראַציאָן פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

3.

אַ אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ קען ווערען דער גרונדשטיין פאַר אַ שפּעטערדיגען אַלוועלטליכען אידישען קאָנגרעס, פאַר אַ שטענדיגער אידישער פערטרעטערשאַפט, וועלכע זאָל אָנפיהרען און לייטען אַלע אידישע נאַציאָנאַלע אַנגעלעגענהייטען. דיא אידישע פראַגע שטעהט ניט פאַר דעם סוף פון איהר לעזונג, נאָר פאַר דעם אָנהויב, און דיא מאַטעריעלע און גייסטיגע נויטען פון פּאָלקסלעבען וויקלען זיך אַלץ מעהר פאַנאַנדער און פאָדערן ענטפער און הילף. פערטרעטען דאָס אידישע פּאָלק, רעדען אין זיין נאָמען, פיהרען זיין פּאָליטיק, אָרגאַניזירען עס, דערהויבען עס, בעפרייען און איבערבויען זיין גאַנצעס לעבען, קען ניט אַ זעלבסטגעקרוינטע גרופּע פון שתדלנים, אַ פּאַרטיי, אַ שטרעמונג, אָן אָרגאַניזאַציאָן, נאָר דאָס אָרגאַניזירטע פּאָלק זעלבסט דורך זיינע דעמאָקראַטיש אויסגעקליבענע פערטרעטער און זיינע פון פּאָלק קאָנטראָלירטע אַנשטאַלטען און אינסטיטוטען.

דער ערשטער אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ וועט בעווייזען, אויב דער אידישער שיקזאַל קען ווירקליך שוין אָנפערטרויט ווערען

דעם אידישען פאָלק גופא. דער אידישער סנהדרין, וועלכען נאפּאָ־לעאָן האָט צונויפגערופען מיט הונדערט יאָהר צוריק, האָט פערליי־קענט דיא אידישע נאַציאָן און האָט פאַרדעקט מיט שאַנדע דיא אידישע געשיכטע. אין יענעם אידישען קאָנגרעס האָט גובר געווען דער קלאַסען־אינטערעס פון דער אידישער אַסימילאַציאָנס־בורזשו־אַזיע פון מערב־אייראָפּאַ, וועלכע האָט פאַרביטען דיא אידעאַלען פון דער אידישער נאַציאָן און דיא גייסטיג־מאָראַלישע ווערטען פון יודענטום אויף דעם טאָפּ לינזען פון פאָליטיש־בורזשואזנער גלייכ־בערעכטיגונג. דער אידיש־אַמעריקאַנישער קאָנגרעס וועט ערשט דאַרפען אָבגעבען דיא פראָבע, אויב אַן אַלוועלטליכע אידישע אָר־גאַניזאַציאָן יעצט קען אָנפיהרען דאָס אידישע פאָלק און דערפיה־רען דיא אידישע געשיכטע צו איהר העכסטען גלאַנץ. דיעזע פּראָבע וועט זיין דיא שטעלונג פון דעם קאָנגרעס צו ארץ ישראל, צו דער נאַציאָנאַלער ווידעראויפלעבונג פון אידישען פאָלק. וואָרום אזוי וויא דער מאָראַלישער ווערט פון דעם איינצעלנעם איד ליעגט אין זיין טרייקייט צו זיין פאָלק און אין דעם מוט פון זיין אייגע־נער אינדיווידואַליטעט, אזוי קענען דער סאָציאַלער ווערט און דיא לעבענספעהיגקייט פון יעדער אידישער שטרעמונג און אָרגאַניזאַ־ציאָן געמאָסטען ווערען נאָר נאָך דער קראַפט און דער אויפריכטיג־קייט, מיט וועלכער זי האָפט און באַגעהרט אַ נייע אידישע צוקונפט.

עס איז דערפאַר אונמעגליך, דאָס אַ אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ, וועלכער וועט זיך צונויפקומען אין יעצטיגען אויגענ־בליק דורך דעמאָקראַטישע וואַהלען, וועט ניט שטעהן אויף זיין הויכקייט בנוגע צו דעם אידישען פּראָבלעם. זאָבאַלד דער אידי־שער קאָנגרעס וועט פּראָקלאַמירען זיין ווילען צו קריגען אַ היים פאַר'ן אידישען פאָלק אין ארץ ישראל, וועט ער דערמיט שוין ווע־רען דער ערשטער גרונד־שטיין פאַר דיא אָרגאַנזירונג פון דער גאַנצער אידישער נאַציאָן.

דער קאָנגרעס דאַרף צונויפגערופען ווערען אויף דעם יסוד פון פרייע דעמאָקראַטישע וואַהלען. אין יעדער שטאָדט פון אַמע־ריקאַ דאַרפען זיך אָרגאַניזירען קאָנגרעס־קאָמיטעטען, וועלכע זאָלען דורכפיהרען דיא וואַהלען און בעשאַפען דערווייל דיא מיטעל פאַר

דיא אָרגאַניזאַציאָן. אַ בּעשטימטע צאָהל איינוואָהנער זאָלען שי־
קען איין פערטרעטער צום קאָנגרעס, אַ חוץ דעם זאָלען דיא פער־
שיעדענע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנען קענען שיקען פערטרעטער
צום קאָנגרעס. דיא וואַהלען זאָלען אומעדום דורכגעפיהרט ווערען
אין איין צייט, אַ מאָנאַט פאַר דער פערזאַמלונג פון קאָנגרעס.

נאָכדעם ווי דער קאָנגרעס וועט פעסטשטעלען דיא גרונד־
יסודות פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וועט פּראקלאַמי־
רען דיא פאָדערונגען פון דעם אידישען פאָלק פאַר דער וועלט, און
וועט געפינען אויך דיא מיטלען און וועגען, ווי דיא שטימע פון אי־
דישען פאָלק זאָל דערגרייכען דאָס געוויסען פון דער מענשהייט,
וועט ער קענען אויך איבערגעהן צו דער קאָנסטרוקטיווער אַרבייט
אינערהאַלב פון דעם אידישען פאָלק. דער אידישער קאָנגרעס
אין אמעריקאַ קען אויך בעשטימען דעם אָרט און דיא צייט פון
אַ קומענדען אַלוועלטליכען אידישען קאָנגרעס, וועלכער וועט
מוזען צונויפגערופען ווערען ביי דער ערשטער גינסטיגער געלעגענ־
הייט באַלד נאָך דער וועלט־מלחמה.

אין דיא וואַהלען צום אידישען קאָנגרעס וועלען מעגליך ניט
אַנטייל נעהמען אַלע אידען פון אַמעריקאַ, אַזוי ווי אין דיא וואַהלען
פון אַלע פּאַרלאַמענטען נעהמען ניט אַנטייל אַלע בירגער פון אַ
לאַנד. פיעלע גרופען פון אידען וועלען אפשר בעוואוסטזיניג זיין
געגען אַזאַ קאָנגרעס, ווייל זיי וועלען פיהלען דיא מאַכט פון דיעזער
אָרגאַניזאַציאָן און דיא מאָראַלישע התחיבות פון דעם גאַנצען פאָלק
מקיים צו זיין דיא בעשליסען פון דעם קאָנגרעס. דיא אידישע אַסי־
מילירטע בורזשואַזיע און אַלע איהרע אָבהענגיגע נאָכלויפער קען
זיך שטעלען געגען אַ אידישען קאָנגרעס. דיא אידישע גרויסע
בורזשואַזיע איז אַסימילאַטאָריש, דערשראָקען, אַנטינאַציאָנאַל, זי
שטערט דיא אידישע בעפרייאונג, זי שתדלנט, נוצט אויס דיא גע־
פאַלענקייט פון אידישען פאָלק פאַר זיך זעלבסט, און ליעגט שטענ־
דיג ווי אַ שטיין אויף דעם וועג פון דעם אידישען פאָלק דורך איהר
טעטיגקייט אַזוי ווי דורך איהר שטערונג. אַ אידישער וועלט
קאָנגרעס, וועלכער וועט פערטרעטען דיא אָרגאַניזירטע אידישע
נאַציאָן, בריינגט דיא אידישע גרויס בורזשואַזיע אין אַ ווידער־

שפּרוך צווישען איהר פּריוויליגירטער שטעלונג און איהר אידי־ שער פּרעמדקייט. דיא פאַלשקייט און דיא אונמעגליכקייט פון איהר פּאַטריאָטיזם מיט וועלכען זי פּערענטפּערט איהר קאַפּיטאַ־ ליזם אויף דעם גוישען השבון, ווערען דורך א אידישע נאַציאָנאַלע וועלט־אָרגאַניזאַציאָן אַרויסטרעטען נאָך שאַרפער און דייטליכער, איידער דורך דיא גאַנצע ציוניסטישע און נאַציאָנאַלע אַגיטאַציאָן.

פון קלאַסען־עגאָאיזם און מאַטעריאַליזם וועט דיא גרויסע אי־ דישע בורזשואַזיע אויפטרעטען געגען אַ אידישען קאָנגרעס; פון טעמפּפקייט און עם־הארצות קענען אפשר בעשטימטע טיילען פון אידישען אַרבייטער קלאַס זיך אויך ערקלערען געגען דעם אידישען קאָנגרעס. דער טראַגי־קאָמיזם דערביי איז, וואָס דיעזע אָבגעשטאַ־ נענע טיילען פון פּראָלעטאַריאַט ווערען זיך בערופען אויף דעם סאָציאַליזם. גרויסע טיילען פון אידישען ארבייטער קלאַס זיינען באמת נאָך גאָרניט אַריינגעצויגען געוואָרען אין דעם שטראָם פון דעם סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערען געדאַנקען און זיינען געבלי־ בען ניט אָנגעריהרט פון קולטור בכלל. דיעזע מאַסען האָבען אָבער אין דער עפּאָכע פון דער בורזשואַזער אַסימילאַציאָן אויפגעכאַפּט איינינגע אויבערפלעכליכע געדאַנקען וועגען דער פערשווינדונג פון דער אידישער נאַציאָן און דער ווערטלאָזיגקייט פון דער אידישער געשיכטע און קולטור, און אָט דיעזע בורזשואַזנע געדאַנקען זיינען געוואָרען ביי זיי דער יסוד פון זייער סאָציאַליזם. זיי האָבען אראב־ געוואָרפען פון זיך יעדע העכערע פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם שיקזאַל פון אידישען פאָלק, און זיינען פריי געוואָרען פון דער ערנסטקייט און גייסטיג־מאָראַלישער איידעלקייט, צו וועלכער דיא טרייע צוגעהעריגקייט צו דעם אַלטען קולטור־פאָלק ישראל איז מחיב דעם איד. דאָס האָט גאַנץ מיטגעשטימט מיט דער קולטורע־ לער געפאַלענקייט און גייסטיגער אָבגעשטאַנענקייט פון גרויסע טיילען פון דער אידיש שפּרעכענדער פאָלקמאַסע. בשעת אַז דיעזע אונגליקליכע מאַסע האָבען זיך אָנגעהענגט דיא פּסולת פון דער אידישער אַסימילאַטאָרישער אינטעליגענץ, דאַמאָלס איז ענט־ שטאַנען דער בעוואוסטזיניגער אַסימילאַטאָרישער סאָציאַליזם. פון דער זייט פון דיעזע אַסימילאַטאָרישע כלוברשטע סאָציאַליסטען

קען זיין אַ געגנערשאַפט געגען דיא אָרגאַניזירונג און אויפלעבונג פון דער אידישער נאַציאָן.

אָבער דיביידע עלעמענטען ביי דעם אידישען פאָלק האָבען שוין לענגסט פערלאָרען יעדען מאָראַלישען ווערט צווישען אידען. דאָס אידישע פאָלק האָט זיך שוין לאַנג אָבגעווענדעט פון זיי. אין דיא לעצטע צוואַנציג יאָהר פון אידישער פאָלקס־פּאָליטיק, פון ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, נאַציאָנאַליזם, פון דיא פּראָלעטארישע בעוועגונ־גען איז דאָס פאָלק געגאַנגען להיפך צו דעם ווילען און דעם איינ־פלוס פון דער אידישער גרויס בורזשואזיע. דיא אידישע גרויס־בורזשואזיע האָט שוין לענגסט פערלאָרען איהר אַמאָליגע פיהרענ־דע שטעלונג צווישען אידען, און באַלד וועט זיא אפשר גאָר אַריינ־קומען אין דיא סכנה, צו ווערען אן אָבגעשיעדענער און איזאָלירטער קלאַס ביי אידען אַקוראַט ווי ביי גוים. דער פאַלשער אַסימילאַטאָ־רישער סאָציאַליזם האָט זיך פאַר דיא פיעלע יאָהרען פון זיין עק־זיסטענץ אַרויסגעוויזען אין זיין גאַנצער פאַרדאַרבליכער פאַרב, אַלץ מעהר און מעהר ווענדען זיך אָב פון דער אַסימילאַטאָ־רישע אידעאָלאָגיע דיא אידישע אַרבייטער מאַסע און דיא בעסערע אידישע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ. דיעזער אַסימילאַטאָרישער סאָציאַליזם פערליערט אַלץ מעהר און מעהר זיין קראַפט איבער דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט און דער פאָלקסמאַסע, און שוין עפענט זיך אַ טיעפער אָבגרונד צווישען איהם און דעם אינטערנאַ־ציאָנאַלען סאָציאַליזם בכלל, וועלכען ער האָט ביז יעצט גענאַרט און פאַר וועלכען ער האָט פאַרלוימדעם דיא אידישע פרייהייט בעוועגונג.

אַ אידישער קאָנגרעס קען צונויפקומען זיך און בעקומען דעם ווערט פון אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָן, ווען אַפילו געוויסע דע־מאָראַליזירטע עלעמענטען פון דער אַסימילאַציאָן זאָלען זיין גלייכ־גילטיג און געגנעריש. דער קאָנגרעס וועט קענען פיהרען צו אַן אָרגאַניזירטע אידישע נאַציאָן און זיינע בעשליסען וועלען האָבען אַ מאָראַליש צווינגענדען כאראַקטער פאַר אַלע אידען. דיא מעהר־הייט פון דעם אַמעריקאַנער יודענטום וועט זיך אָנשליעסען מיט ענטוזיאַזם אָן דיעזען קאָנגרעס. דיא אויפריכטיגע אידישע סאָ־

ציאליסטען און גרויסע טיילען פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, דיא ברייטע אידישע פאָלקסמאַסע, דיא בעסערע אינטעליגענץ, וועלען שיקען זייערע פערטרעטער צו דעם ערשטען אַמעריקאַניש־אידישען קאָנגרעס, אונטער דער אויפריכטיגער בעגייסטערונג און האָפנונג פון דער גאַנצער אידישער וועלט.

דער אלוועלטליכער אידישער קאָנגרעס, צו וועלכען דער אַמע־ריקאַניש־אידישער קאָנגרעס קאָן זיין אַ פאָרבערייטונג, וועט אי־בערנעהמען דיא אידישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק אין זיינע הענד. פון דער שטאַרקייט און קלאָהרקייט פון זיין נאַציאָנאַל־אידישע פּאָ־ליטיק וועט עס אָהבהייננען, ווען און ווי דיא ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציאָן מיט איהרע אינסטיטוטען זאָל ווערען אַ טייל אָדער אַ פיהר־רענדער פליגעל פון דער נאַציאָנאַלער פערטרעטערשאַפט. די נאַציאָ־נאַלע פערטרעטערשאַפט וועט קענען בעשאַפען דיא פינאַנץ־אינסטי־טוטען פאַר דיא ערלייכטערונג און רעגולירונג פון דער אידישער וואנדערונג, פאַר ארץ ישראל און דיא פערשיעדענע קולטור־בע־דירפניסען און נאַציאָנאַלע ערציהונג. עס וואָלט געווען איבריג דאָ אויפצוצעהלען אַלע פּערספּעקטיווען און מעגליכקייטען פון דער אידישער פערטרעטערשאַפט. דיא אידישע נאַציאָן און אַלעס, וואָס איז שייך צו דער אידישער נאַציאָן, זיינען דיא לעבעדיגע פּראָבלעמען פון דער אידישער פערטרעטערשאַפט.

עס וואָלט געמאַכט געוואָרען אַן ענדע צו דעם חאַאָטישען צו־שטאַנד אין וועלכען דאָס אידישע פאָלק געפינט זיך, און וואָס דאָס איז די ערשטע אורזאַכע פון זיין טיעפער געפאַלענקייט. דאָס גאַנצע פאָלק וועט זיך בויגען אונטער דיא בעשליסע פון פאָלק גופא. אלע אידישע אָרגאַניזאַציאָנען און אינסטיטוטען, וועלכע האָבען ביז יעצט געפיהרט דיא אידישע פּאָליטיק אונפעראַנטוואָרטליך אויף זייער אייגענעם חשבון און לויט דעם קאַפּריז פון דיא רייכע בעלי־טובות, ווי דיא יק״א, דיא וויענער איזראַעליטישע אַליאַנץ א. ז. וו., אָט דיעזע אַלע אָרגאַניזאַציאָנען צוזאַמען מיט זייערע פינאַנץ־אינסטיטוטען וועלען זיך מוזען שטעלען אונטער דער אויפזיכט און דעם קאָנטראָל פון דעם אָרגאַניזירטען פאָלק, ווען זיי וועלען ניט

װעלען פּאַנאַנדערררײסען דעם בונד מיט דער אידישער נאַציאָן.
פון דער אַנדער זײט װעט אונמעגליך װערען יענע הפקרות און
שװינדעל, דאָס דער אָבפּאַל פון דער אַסימילאַציאָנס־אינטעליגענץ,
װעלכער קען ניט געפינען ביי גוים קײן אָרט, זאָל קענען אויפמאָלען
דאָס אידישע פאָלק און דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט פאַר דעם סאָ־
ציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל אַלס אַ פאָלק אָהן כבוד, אָהן
קולטור, אָהן לעבענסװילען, װאָס דיא פּאַראַזיטישע אַסימילאַציאָן
און גלות־עקזיסטענץ איז זײן אײנציגער היסטאָרישער אידעאַל.

דער אידשער קאָנגרעס אַלס אײנלײטונג צו אַ שטענדיגער אי־
דישער פערטרעטערשאַפט איז דיא לאָגישע ענטװיקלונג פון דער
גאַנצער אידישער נאַציאָנאַלער בעװעגונג פאַר דיא לעצטע דרײסיג
יאָהר. אין רוהיגע צײטען װאָלט זיכער דיא אידישע רענעסאַנס־
בעװעגונג פון זעלבסט דערגאַנגען צו דער אידעע און דער נױטװענ־
דיגקײט פון אַן אַלװעלטליכער אידישער אָרגאַניזאַציאָן. אין ציוניזם
און נאָך מעהר שפּעטער אין טעריטאָריאַליזם איז שוין געלעגען
בעהאַלטען דער געדאַנקען פון אַן אַלװעלטליכער אידישער אָרגאַני־
זאַציאָן. אונטער דעם דרוק פון דער בלוטיגער נױט איז דיעזע אי־
דישע אַלװעלטליכע אָרגאַניזאַציאָן געװאָרען יעצט אונפערמײדליך.
דאָס אידישע פאָלק מוז געפינען דעם װעג צו זײן נאַציאָנאַלען
אחדות. פון מענשליכען שטויב דאַרפען מיר װערען יעצט אַ פער־
אײניגטע נאַציאָן. אַ פרײעס, פעראײניגטעס פאָלק, װעלכעס זאָל
האָבען דיא גבורה צו אַן ערלעזענדער טהאַט. אין שטורם און פײער
װערט געבאָרען דיעזעס פעראײניגטע אידישע פאָלק, און עס װערט
צוזאַמענגעהעפט דורך דאָס פערגאָסענע בלוט פון אונזערע ברי־
דער און קינדער אויף אַלע שלאַכטפעלדער פון דער ערדקוגעל.
אין דער אײניגקײט ליעגט אונזער מאַכט. פון דעם פעראײניגטען
געדאַנקען צו דעם פעראײניגטען רצון און דער פעראײניגטער
טהאַט !



# אידיש־נאַציאָנאַלער ארבייטער פערבאַנד

## זיינע ציעלען און אויפגאַבען

---

דער פערבאַנד איז אַן אָרדען פון דעם נאַציאָנאַל־געזאָנגענעם אידישען אַרבייטער עלעמענט, אַן אָרדען פון דער אידישער יוגענד, וואָס דריקט אויס די געדאַנקען און נייגונגען פון דעם ראַדיקאַל־נאַציאָנאַל־געזאָנענעם טהייל פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט.

דער אָרדען פעראייניגט אין זיך די אידעאַלען פון דער פּראָגרעסיווער מענשהייט מיט די אידעאַלען פון פּראָגרעסיווען יודענטהום.

### ווער קען זיך אַנשליסען אלס מיטגליעד אין פערבאַנד?

אין פערבאַנד קען זיין אַ חבר יעדער אַרבייטער, וועלכער איז נאַציאָנאַל געזאָנען, און וויל זעהן זיין פאָלק גליקליך און בעפרייט, יעדער איינער וואָס איז געגען אַסימילאַציאָן, און וועלכער לעבט מיט דעם אַרבייטערס האָפנונגען און אידעאַלען, און זוכט אויך אין דערזעלבער צייט אַן אָרדען וואָס זאָל איהם געבען אינשורענס פערזיכערונגען.

דער פערבאַנד אונטערשיידעט זיך פון אַנדערע אידישע אָרדענס, ניט בלויז דורך זיינע פּרינציפּען, נאָר אויך דורך זיין אויסגעצייכענטען פערזיכערונגס סיסטעם, וועלכע באַזירט אויף אַ מאָדערנעם וויסענשאַפטליכען אינשורענס אויסרעכנונג, וואו יעדער צאָהלט לויט זיין עלטער, און ניט לויט אַסעסמענטס; וואָס אינגער איינער איז ביים אַריינטרעטען אין פּערבאַנד אַלס חבר, אַלץ קלענער זיינען זיינע אינשורענס צאָהלונגען, די קליינע צאָהלונגען פערבלייבען די זעלבע פאַר'ן גאַנצען לעבען, און קענען קיין מאָהל ניט ג ע ה ע כ ע ר ט  ו ו ע ר ע ן.

### דער פערבאַנד פערמאָגט ברענטשעס אין אַלע טיילען פון לאַנד.

זייט איהר אַ אידישער אַרבייטער, מוזט איהר זיין פּעראינטערעסירט אין אונזער אָרדען. די אידישע ראַדיקאַלע יוגענד פון אַמעריקאַ האָט איהם געגרינדעט. זייערע הויכע אידעאַלען און טיעפער גלויבען אין די אידישע כחות, האָט זיי בעוואויגען אָנצופיהרען אַ ברייטע טהעטיגקייט צווישען די אידישע אַרבייטער מאַסען אין אַמעריקאַ, פאַר דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויפלעבונג פון דאָס אידישע פאָלק. זייט איהר איינער פון זיי? זייט איהר גרייט אונז מיטצוהעלפען אין דער אַרבייט, טאָ שטעהט ניט פון וויטען; שליסט זיך אָן, אָן אונז; שטאַרקט די קרפט און אַרבייטס־מעגליכקייט פון דיעזען יוגענדליכען אָרדען!

### דער פערבאַנד נויטהיגט זיך אין אייך, און איהר אין איהם!

נאָך אינפאָרמאַציאָן ווענדעט זיך אין אָפיס:

**Jewish National Workers' Alliance**
**89 DELANCEY STREET, NEW YORK**